נומער 2




# טאָם מוני

דער געפאַנגענער אין סאַן-קווענטין טורמע

נומער 31,921



פ א ר ל א ג
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
80 פינפטע עוועניו, ניו יאָרק

## .1

## אַ פּאַטריאָטישער מילכאָמע-פּאַראַד. עס פּלאַצט אַ באָמבע.

22סטער יולי, יאָר 1916. אין דער שטאָט סאַן־פראַנציסקאָ איז היינט א פּאַראַד. פּויקן קלאַפּן, מוזיק שפּילט. פאָנען פון רויט, ווייס און בלוי פּלאַטערן. די גאַסן זיינען פול מיט מענטשן.

עס מאַרשירן הענדלער, פּאַבריקאַנטן, לאָיערס, קאַפּיטאַנען, לייטענאַנטן, סאָלדאַטן מיט ביקסן אַפן אַקסל, אינגלעך און מיידלעך סקאַוטס. די גאַסן זיינען פול מיט פּאָליציי און דעטעקטיווס. זיי גיבן אכטונג אַפן אוילעם, וועלכער איז געקומען אָנקוקן דעם פּאַראַד. זיי באַשיצן דעם פּאַטריאָטישן יאָנטעוו.



דער אוילעם אַף דער גאַס שטייט פון ביידע זייטן, ווי צוויי ווענט. די דעכער זיינען אויך אָנגעזעצט מיט מענטשן. די יולי־זון גליט. זילבער־ליכט באַגיסט דעם לאַנגן פּאַראַד, די שיינע אוניפאָרמס, די שפּיצן פון ביקסן און באַגנעטן. א טייל אוילעם איז באַגייסטערט: א קליינִיקייט! סאַרא

פאראד! סארא העלדן פאר דער פאָן און דעם לאַנד! א טייל פארשטייט די פאַלשע בלוטיקע שפּיל. עס קאָכט אין זיי דאָס בלוט. דאָס האַרץ קלאַפּט מיט צאָרן.

צווישן דעם אוילעם, וואָס זיצט אויף א דאַך פון א הויז אויף מארקעט סטריט, געפינט זיך אויך טאָם מוני און זיין פרוי, רענא. ביידע פאָלגן נאָך מיט די אויגן דעם פּאראד. ביידע שווייגן. עס איז זיי שווער איבערצוגעבן מיט ווערטער, וואָס ס'דריקט זיי אויפן הארצן.

טאָם מוני און זיין פרוי רענא ווייסן אז אָט־די געלט־זעק, וועלכע האָבן געמאכט דעם פּאראד, ווילן אריינשלעפּן דאָס לאַנד אין א בלוטיקער מילכאָמע. אין אייראָפּע גיסן זיך איצט טייכן בלוט. די היגע פאבריקאנטן לייען אויס געלט, שיקן אמוניציע און אנדערע סכוירעס פאר דער מילכאָמע. איצט האָבן זיי זיך דערשראָקן: טאָמער וועלן די „עליים" פארלירן, איז וואָס וועט זיין מיט די כוויוועס? מוז מען ארויסהעלפן: שיקן פון דאַנען סאָלדאטן, קינדער פון ארבעטער און פארמער. האָט מען ארויסגעלאָזן א געשריי: „פּריפּערעד־נעס"! „דאָס לאַנד איז ניט באַשיצט! סאָנים גרייטן זיך אָנפאַלן!" אָט דערפאר מארשירט מען עס איצט מיט פּויקן, מיט פאָנען און טרומייטן.

און נאָך עפּעס ווייסן זיי ביידע, טאָם מוני און זיין פרוי רענא:

דער פּאראד איז געצילט אַנטקעגן די ארבעטער. אין סאַן־פראַנציסקאָ איז ניט לאַנג געווען א סטרייק פון טראַמוויי־ארבעטער. טאָם מוני אַליין איז טאַקע געווען זייער פירער. זיי האָבן שווער געקעמפט און געוואונען. איצט גרייטן זיך צום קאַמף ארבעטער פון אַנדערע פאכן. די באַלעבאָטים זיינען צערייצט, ווי ווילדע כייעס.

זיי האָבן גלייך פאררופן א מיטינג פון דעם „טשעמבער אָוו קאַמערס". מ'האָט אויסגעקליבן א „געזעץ און אָרדענונג קאָמיטעט", וועלכער זאָל זיך נעמען צו דער ארבעט און „אָפּווישן" די יוניאָנס. א גאַנצן מיליאָן דאָלאַר האָט מען גלייך געשאָפן פאר דעם צוועק. דער פירער פון דעם „געזעץ און אָרדענונג קאָמיטעט", קאַפּיטאַן ראָבערט דאָלאַר, האָט ארויסגעלאָזן א רוף: „מיר מוזן צעברעכן די סטרייקס און אָנפּאַקן די שפּיטאָלן מיט יוניאָן־לייט." אָט דאָס טאַקע הייסט: געזעץ און אָרדענונג!

און היינט, ווען זיי זיינען ארויס אין די גאַסן, פאר מילכאָמע־צוגרייטונג, דראָען זיי מיט דער זעלביקער פויסט צו די ארבעטער טאַקע: „קוקט! וויפל ביקסן מיר האָבן, און באַגנעטן! ס'איז אַנטקעגן אייך! וואָגט ניט צו סטרייקן!"

זיצן זיי ביידע, טאָם מוני און זיין פרוי, און קוקן אויפן פּאראד. וויפל סאָנים דער ארבעטער־קלאַס פארמאָגט! ס'איז שוין צוויי אזייגער און דער פּאראד ציט זיך נאָך אַלץ, און ציט.

צוויי מינוטן נאָך צוויי (אזוי ווייזט דער זייגער, וועלכער הענגט אַנטקעגן



אף א וואנט). אן אומבאקאנטער מאן אפן דאך שטעלט אן זיין פאטאגראפישן אפאראט און קליק־קליק: ער כאפט אראפ א בילד פון דעם מארש אונטן, פון דעם אוילעם, וואס זיצט דא אפן דאך. ער וויל דאס בילד האבן פאר אן אנדענק.

טאם מוני קוקט אף אים און טראכט:

— א בלוטיקער אנדענק וועט עס זיין! געלט־זאק שלעפט דאס ארעמע פאלק צו דער שכיטע!

נאָך פיר מינוטן האָט דער וויזער אַף דעם וואַנט־זייגער איבערגעציילט. זעקס מינוטן נאָך צוויי. פונדערווייטנס האָט זיך דערהערט א טראַך און א גוואַלטיקער אויפרייס.

וואָס איז געשען?

א מייל ווייט פון דאַנען, פון דעם דאַך אַף וועלכן טאָם מוני און זיין פרוי רענאַ זיינען געזעסן, האָט געפּלאַצט א באָמבע. דער אוילעם צעלויפט זיך אין שרעק. צען מענטשן זיינען געהאַרגעט געוואָרן, פופציק — פאַרוואונדעט. דער אוילעם פון דאַך צעקריכט זיך אין גרויסער אויפרעגונג. טאָם מוני פילט, אז זיין האַרץ ווערט פון אויפרעגונג שיר ניט צעשפּרונגען:

— בלוט! בלוט! בלוט! כ'האָב אָבער געוואָרנט די ארבעטער: קומט ניט צום פּאַראַד! היט זיך פאַר א פּראָוואָקאַציע. די באַלעבאַטים ליגן פאַר אייך אוים נעצן...

## 2.

## די נעץ איז פאַרשפּרייט.

אַפן אָרט האָט מען קיינעם ניט אַרעסטירט.

אַף מאָרגן — אויך ניט. פינף טעג נאָכאַנאַנד האָט מען געוואַרט, ביז וואַנען אַלע שפּורן, וועלכע פירן צו די עמעסע פאַרברעכער, וועלן ווערן אָפּגעמעקט; ביז וואַנען מ'וועט די שפּורן פאַרווישן, פאַרשטיקן, אז מ'זאָל דעם עמעס קיינמאָל ניט אויסגעפינען. שטילערהייט האָט מען געוועבט א נעץ.

דעם 22סטן באַדערנאַכט, גלייך נאָך דעם אויפרייס, האָט דער דיסטריקט־אַטוירני, פיקערט, געשיקט רופן איינעם א מאַן, מאַרטין סוואַנסאָן, און ער האָט אים באַשטימט צו זיין דער הויפּט־אויספאָרשער פון דעם אויפרייס.

ווער איז געווען מאַרטין סוואַנסאָן?

א געוועזענער פּינקערטאָן דעטעקטיוו; דער הויפּט־שפּיאָן פון די טראַמוויי־באַלעבאַטים און פון דער „פּאַסיפישער גאַז און עלעקטריע קאָמפּאַניע", זייער סטרייק־ברעכער. סוואַנסאָן האָט שוין לאַנג אַן אויג אַף טאָם מונין.

שוין דריי יאָר אז ער יאָגט זיך נאָך מונין ארום. ער האָט א באַפעל פון זיינע באַלעבאַטים: „קריג אים אריין! זיין אָרט איז הינטער די טורמע־גראַטעס! אַף דער פריי איז ער א סאַקאָנע!" איצט איז מוני בא אים אין די הענט.

וואָס מאַכט עס אוים, אז ס'זיינען ניטאָ קיין באַווייזן? וועט מען זיי אויסטראַכטן. ניטאָ קיין איידעס? וועט מען זיי דינגען. דער דיסטריקט־אַטוירני וועט אים העלפן. די פאַלשע פירער פון דער א. פ. אָוו ל. זיינען אויך אַף זיין זייט. און קיין געלט פעלט ניט אוים. דער קאָמיטעט פאַר „געזעץ און אָרדענונג" האָט א מיליאָן דאָלאַר אין דער קאַסע...

סוואנסאָן האָט אַ האַרץ אַף מונין: ביז איצט האָט ער זיך פון זיינע הענט אויסגעדרייט.

ניט לאַנג צוריק האָט סוואנסאָן באַטראַכט אַזאַ מין שפּיצל:

ער האָט אַריינגענומען איינעם אַן אַרבעטער־טוער, וואָרען ביליִנגס. מיט ביטערע דעטעקטיוו־ריידעלעך האָט ער אים געוואָלט איינשמועסן, אַז ער זאָל ווערן אַ פאַררעטער און העלפן אָפּראַמען פון וועג טאָם מונין. דערפאַר וועט ער קריגן 5000 דאָלאַר מעזומען און אַ גוטן „דזשאָב" בײַ די טראַמוויי־באַלעבאַטים אַפן גאַנצן לעבן. וואָרען בילינגס האָט זיך פון אים אויסגעלאַכט:

— ער וועט זיינע אַרבעטער־ברידער ניט פאַרראַטן.

איצט, טראַכט סוואַנסאָן, וועט דער יונג, בילינגס, אויך טייער באַצאָלן. אַזאַ האָזע: ניט וועלן פאַרקויפן די נעשאָמע פאַר געלט! אַף איין שטריק וועלן זיי ביידע הענגען.

אַפן פינפטן טאָג איז די נעץ געוואָרן פאַרטיק.

מ'האָט אַרעסטירט טאָם מונין, זיין פרוי רענאַ, וואָרען בילינגס, און נאָך צוויי אַרבעטער־קעמפער, איזראַעל ווייַנבערג און עד נאָלאַן. אַלע פינף זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין וואַרפן די באָמבע אַפן מיליטאַריסטישן מיליכאָמע־צוגרייטונג פּאַראַד. די באַסישע צייטונגען זיינען אַרויס מיט בלוט־דאָרשטיקע שרייענ־דיקע קעפּ:

— די מערדער אַרעסטירט! טויט צו די מערדער!

טאָם מוני פאַרשטייט:

— די האָק, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן איבער זיין קאָפּ, צילט זיך אָפּצוהאַקן די קעפּ פון אַרבעטער־קעמפער. מ'טאָר דעם קאָפּ ניט אַראָפּלאָזן. מ'דאַרף קעמפן ביזן סאָף. די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט וועלן העלפן...

**.3**

## ווער איז געווען טאָם מוני?

טאָם איז געבאָרן געוואָרן דעם 7טן דעצעמבער, אין יאָר 1882, אין דער שטאָט שיקאַגאָ. זיינע עלטערן זיינען געווען אָרעמע איירישע־אַרבעטער. פון קליינערהייט אָן האָט ער שוין פאַרזוכט דעם ביטערן לעבן פון אַן אָרעם אַרבעטער־קינד.

די פאַמיליע וואַנדערט אַרום פון שטאָט צו שטאָט, זוכט אַרבעט און ברויט. דער קליינער טאָמי וואַנדערט אַרום צוזאַמען מיט זיינע עלטערן.

פון שיקאַגאָ קלייבן זיי זיך אַריבער אין אַ מיינער־שטעטל, אינעם שטאַט אינדיאַנאַ. דאָס גאַנצע שטעטל געהערט צו דער קוילן־קאָמפּאַניע. אַלץ: די מיינס, די הייזער, די קראָמען, די סקול, דער קלויסטער, די פּאָליציי.

די ארבעטער זיינען בלויז שקלאַפּן, פאַר אַ שטיקל ברויט, פאַר אַ דאַך איבערן קאָפּ.

פון אינדיאַנאַ וואַנדערן זיי אויס קיין האָליאָק, מאַסאַטשוסעטס. טאָם ווערט אַלט פערצן יאָר און ער גייט אַוועק אַרבעטן אין אַן אייזן־גיסעריי. ער גרייט זיך צו ווערן אַ מאָולדער (אַ פורעם־גיסער).

די אַרבעט איז אַ שווערע, ניט בלויז פאַר אַ פערצן־יאָריק אינגל. מ'דאַרף שטיין אַ גאַנצן טאָג אין פייכטן זאַמד, שלעפּן מיט די הענט הייסע בריענדיקע פורעם־שטיקער. די הויט ברענט, דאָס פלייש שמאַרצט, ביז וואַנען די הויט ווערט פאַרהאַרטעוועט אַזוי ווי אַ קאָרע און פילט שוין מער ניט קיין היץ און קיין קעלט. זומער איז אין דער אייזן־גיסעריי שטיקנדיק הייס, ווינטער — אַ ביטערע קעלט. די סכירעס זיינען קליינע, קוים צו דערהאַלטן די נעשאַמע.

דאָרטן, אין אייזן־גיסעריי, לערנט טאָם מוני די ערשטע לעקציע פון אַרבעטער־איינינקייט און קאַמף. ער דערוואָרט זיך קוים, ביז וואַנען ער ווערט אַלט גענוג אַריינצוטרעטן אין דער יוניאָן. נאָכדעם ווערט ער אַ מיטגליד פון דער „אינטערנעשאַנאַל מאָלדערס יוניאָן". ער איז דאָרט געווען אַקטיוו ביזן טאָג פון זיין אַרעסט.

מוני ווערט אויך אַ סאָציאַליסט. ער פאַרשטייט, אַז די ענדלעכע באַפרייאונג פון די אַרבעטער וועט קומען בלויז דאַן, ווען די באַסישע אָרדענונג וועט אָפּגעשאַפט ווערן און ס'וועט אויפגעבויט ווערן אַ נייע סאָציאַליסטישע וועלט. אין יאָר 1908 איז דער אַלטער קעמפער, יודזשין דעבס, אַ קאַנדידאַט פאַר פרעזידענט. ער פאָרט אַרום איבערן לאַנד אויף אַ ספּעציעלער באַן, דער „רעד ספּעשעל". אומעטום ווערן אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען און ס'ווערט צעטיילט סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. טאָם מוני פאָרט אַרום מיט דעבסן, אים העלפן אין דער אַרבעט.

אין יאָר 1910, אין עלטער פון 28 יאָר, באַזעצט זיך טאָם מוני אין קאַליפאָרניע.

זיין לעבן איז דער אַרבעטער־קאַמף. זיינע סאָנים — די באַסעס, און די פאַלשע פירער פון די אַרבעטער — זייערע פאַרפירער. ער איז העלדיש, איינגעשפּאַרט. ער טרעט קיינמאָל ניט אָפּ פאַר אַ סאַקאַנע.

אין יאָר 1913 סטרייקן די אַרבעטער אַנטקעגן דער „פּאַסיפישער גאַז און עלעקטריק קאָמפּאַניע". מוני איז זייער פירער. די רייכע קאָמפּאַניע וויל ברעכן דעם סטרייק און אָפּראַמען די פירער פון וועג. אירע דעטעקטיווס און שפּיאָנען רייסן ערגעץ אויף אַ געביידע מיט דינאַמיט און פּרוּוון אַרויפוואַרפן די שולד אויף די קעפּ פון די סטרייק־פירער. מוני ווערט אַרעסטירט. מען ברענגט אים דריי מאָל צום געריכט און מ'באַשולדיקט אים אין אַרומפירן דינאַמיט. ער ווערט אַלע דריי מאָל באַפרייט. ס'געלינגט ניט די דעטעקטיווס אַריינכאַפּן אים אין זייער נעץ. סוואַנסאָן איז זיין הויפּט־אַנקלעגער אין אַלע דריי פאַלן.

אין יאָר 1914 מאַכן די פאַבריקאַנטן פון סטאַקטאָן (אַ שטאָט לעבן סאַן־פראַנציסקאָ) אַ לאָקאַוט אַנטקעגן די אַרבעטער און וואַרפן זיי אַרויס פון די פאַבריקן. די אַרבעטער ענטפערן צוריק מיט אַ סטרייק. טאָם מוני איז זייער פירער. ס'ווערט דעמאָלט אַרעסטירט אַ דעטעקטיוו, וועלכער פירט זיך אַרום מיט אַ קעסטל דינאַמיט; דעם דינאַמיט וויל ער אויפרייסן און אַרויפוואַרפן די שולד אויף די פירער. די אָנקלעגער זיינען טאָם מוני און זיין פרוי רענאַ. דער באָסישער ריכטער באַפרייט דעם דעטעקטיוו פון די פאַבריקאַנטן.

אין יאָר 1916 אָרגאַניזירט טאָם מוני אַ סטרייק פון די טראַמוויי־אַרבעטער. 40 טעג פאַר דעם פאַטריאָטישן פאַראַד רייסט מען אויף מיט דינאַמיט אַן עלעקטרישן טורעם־שפּיץ, וואָס געהערט צו דער טראַמוויי־קאָמפּאַניע. סוואַנסאָן וויל אונטערקויפן בילינגסן און ווייַנבערגן, אַז זיי זאָלן פאַרראַטן זייער כאַווער מונין און אויף אים אַרויפוואַרפן די שולד. ביידע טרייסלען זיך אָפּ פון דעם מיעסן פאַרראַט.

טאָם מוני אָרגאַניזירט אויך די אַרבעטער אַנטקעגן דער קומענדיקער מילכאָמע. ער קלערט זיי אויף, אַז די מילכאָמע וועט זיין אַ באָסישע, און בלוט וועט זיך גיסן פון אַרבעטער. ער רייסט אַרונטער די מאַסקע פון די אַרבעטער־פאַרפירער פון דער א. פ. אָוו ל. און פון די סאָציאַליסטן. ער מאַכט קאַליע די מילכאָמע־שפּיל, וועלכע ווערט אין דער שטיל צוגעגרייט.

די באַלעבאַטים ווערן אומגערולדיק. „פּאַקט טאָם מונין!", איז זייער באַפעל צו די געדונגענע הענקער.

און אָט איז געקומען די גאָלדענע געלעגנהייט!

אַ באָמבע אויף אַ פאַטריאָטישן פאַראַד! טויטע און פאַרוואונדעטע!

וואָס מ'דאַרף טאָן, איז — פּאַקן דעם „ריכטיקן" מאַן, מיט פאַלשע באַווייזן.

טאָם מוני איז פאַרפלאָנטערט אין באָסישער נעץ!

אַזאַ מאַן איז שעדלעך פאַרן געלט־זאַק! ער מוז שטאַרבן!



## אין באָסישן געריכט־הויז.

אָנגעטאָן אין שוואַרצן ריכטער־מאַנטל, זיצט דזשאָדזש גריפין.

דער אָנקלעגער איז אַ דיסטריקט־אַטוירני, אויסגעקליבן אויף זיין אַמט מיטן געלט פון באַלעבאַטים. זיין נאָמען איז פיקערט.

אויף דער אָנקלאַגע־באַנק — דער אַרבעטער־קעמפער, מוני.

מ'הייבט אָן אַרויסרופן די איידעס.

סאַראַ פּענימער די איידעס האָבן: רויע, שווערע, פאַרדאָרבענע. מ'האָט זיי אויפגעקליבן אין דער אונטערוועלט און אָפּגעקויפט פאַר געלט. פאַרגעסט ניט: דער קאָמיטעט פאַר „געזעץ און אָרדענונג" האָט באַ זיך אַ גאַנצן מיליאָן דאָלאַר.

אַט זיצט אַפן שטול פרענק אַקסמאַן, דער הויפּט־אײדעס אַנטקעגן די אַנגעקלאַגטע.

— האָסט געזען דעם שולדיקן ?

— געזען.

— וואו ?

— אַף מאַרקעט סטריט. פיר מינוטן צו צוויי איז צוגעפאָרן אַ מאַשין. אין דער מאַשין זײַנען געזעסן פינף מענטשן: מוני און זײַן פרוי רענאַ, בילינגס, ווײַנבערג, און נאָך אימיצער. מוני און בילינגס האָבן פון דער מאַשין אַרויסגעטראָגן אַ רענצל און אַוועקגעשטעלט אַפן טראָטואַר. אין צען מינוט אַרום האָט די באָמבע אויפגעריסן.

דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פון מונין און רענאַן, גענומען צוויי מינוטן נאָך צוויי, אַף אַ דאַך, אַ מײַל און אַ פערטל ווײַט פון מאַרקעט סטריט, געפינט זיך באַם אַנקלעגער אין די הענט. אָבער וואָס אַרט עס אים: מ'דאַרף פאַרמישפּעטן „דעם ריבטיקן מאַן מיט פאַלשע באַווײַזן".

עס ווייסט אויך, דער אַנקלעגער, אַז אַף מאַרקעט סטריט האָט קיין מאַשין דעמאָלט ניט געקענט דורכפאָרן, ווײַל דער וועג איז געווען פאַרצאַמט פון פּאָליציי. עס ווייסט, דער אַנקלעגער, אַז אײדעס זײַנען געקומען צו אים און דערציילט: „מוני און רענאַ זײַנען די גאַנצע צייט געשטאַנען אַפן דאַך פון זייער הויז, און זיך ערגעץ ניט אָפּגעקערט." אָבער וואָס מאַכט עס אויס! ער איז אַן אָנגעשטעלטער פון די געלט־זעק און דאַרף דורכפירן זייער באַפעל: „טויטן מונין!"

מ'פרעגט ווײַטער דעם קי־סויבער, אַקסמאַנען:

— דו דערקענסט דעם אַנגעקלאַגטן ?

— זיכער.

ער טײַטלט מיט אַ פינגער אַף טאָם מונין.

ס'איז אים לײַכט צו דערקענען: מיט עטלעכע טעג פריער האָט אַ פּאָליציי־דעטעקטיוו אַרײַנגעפירט אַקסמאַנען אין טורמע, אים צוגעפירט צו דער צעל, וואו מוני איז געזעסן, דורך די גראַטעס אַ רוף געגעבן:

— מוני!

ווײַס ער טאַקע איצט אַקסמאַן, ווער מוני איז.

ס'קומען אַרויף נאָך אײדעס: אײנער אַ קראַנקער, צעבראָכענער, געפאַלענער מאַן. זײַן נאָמען איז מעקדאָנאַלד. ער באַשטעטיקט אויך, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי מוני האָט אַוועקגעלייגט דאָס רענצל מיט דער באָמבע אַפן טראָטואַר.

מיט אַ צייט שפּעטער, האָט מעקדאָנאַלד דערציילט דעם עמעס, ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַן אײדעס אַנטקעגן טאָם מונין. ער איז דעמאָלט געווען קראַנק, ערשט אַרויס פון שפּיטאָל און הונגעריק. פּיקערט האָט אים אַרײַנגענומען, צוגעזאָגט אַ באַלוינונג: „דו קענסט טאָם מונין ?" „ניין." „דו ביסט זיכער ?" „יאָ, זיכער." „ער איז אַ הויכער מאַן, מיט געדיכטע שוואַרצע

ברעמען. ער האָט עס זיכער געטאָן. דאָס איז דער כעוורע־מאַן, וועלכן מיר דאַרפן. זיי זיכער, אַז ווען כ'וועל מיט אים פאַרטיק ווערן, וועט פון אים גאָרנישט ניט בלייבן." אָט אַזוי איז מעקדאָנאַלד געוואָרן אַן אײדעס...

גייט אָן ווייטער דאָס געריכט. אָן אײדעס נאָך אַן אײדעס. און עס גיסט זיך סאַם, גאַל און ליגנס. זיצט דער אָנגעקלאָגטער טאָם מוני, הערט זיך איין; כמורען זיך זיינע געדיכטע שוואַרצע ברעמען. אָבער זיין מוט איז ניט געבראָכן, ניט זיין שטאָלץ און ניט זיין גלויבן אין דעם אַרבעטער־קלאַס.

ער טראַכט:

— מיין איבערגעגעבנקייט צו די אַרבעטער, מיין קאַמף פאַר זיי, האָט אַף מיר געבראַכט די סינע פונעם מעכטיקן קאַפּיטאַל. אָבער ס'פאַרדריסט מיך ניט. כ'האָב אויך ניט קיין מוירע. כ'גיב זיך ניט אונטער, כ'וועל ווייטער קעמפן. דער קאַמף איז ניט בלויז פאַר מיין איינן לעבן. ס'איז אַ קאַמף פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

דאָס געריכט איז געענדיקט. די דזשורי גייט אַרויס זיך באַראַטן. זיי קומען אַריין צוריק. דער אורטייל איז: „שולדיק. טאָם מוני מוז שטאַרבן!"

## 5.

# „טאָם מוני מוז לעבן!"

אַרבעטער שווייגן ניט.

איבערן גאַנצן לאַנד — דעמאָנסטראַציעס. אַרום די טויערן פון די פאַבריקן — פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען. טעלעגראַמעס פאַרפלייצן דעם אָפיס פון דעם גאָווערנאָר אין קאַליפאָרניע:

— מיר פאָדערן די באַפרייאונג פון טאָם מוני און בילינגס!

די איבעריקע דריי געמישפּעטע, רענאַ, וויינבערג און נאָלאַן, זיינען פון געריכט אַרויסגעלאָזן געוואָרן פריי.

די פאַלשע פירער פון דער א. פ. אָוו ל. פּרואוון פאַרשטיקן דעם אַרבעטער־צאָרן, אָבער ס'העלפט ניט: ס'רייסט זיך דורך.

איבער דער גאַנצער וועלט — פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס. אַרבעטער, מידע פון דער מילכאָמע, אויפגעצאָרנטע, שטורעמען די אָפיסעס פון די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָרס און פאָדערן:

— אונדזער טאָם מוני מוז לעבן!

אין דער שטאָט פּעטראָגראַד (איצט לענינגראַד) מאַרשירן צענדליקער טויזנטער אַרבעטער צום אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר; זיי שליידערן שטיינער אין די פענצטער און דונערן אויס זייער פאָדערונג, אין איין קאָל:

— באַפרייט טאָם מונין! אַ סאָף צו דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע!

דעמאָנסטראַציעס אין פּאַריז, מאַדריד, בוענאָס־איירעס! אַרבעטער־פויסטן דראָען אומעטום:

— באַפרייט טאָם מונין!

דער דעמאָקטיקער פּרעזידענט ווילסאָן האָט זיך דערשראָקן. ער האָט באַשטימט אַן אויספאָרשונג־קאָמיטעט, וועלכער האָט אויסגעפונען אַז דאָס געריכט איז געווען ניט ערלעך. ער האָט אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צום גאָווערנאָר פון קאַליפאָרניע און אים געבעטן: געבן מונין און בילינגסן אַ נייעם מישפּט.

אָבער ווער איז דער גאָווערנאָר, אויב ניט אַן אָנגעשטעלטער פונעם געלט־זאַק? געלט־זאַק האָט טאָם מונין ניט געוואָלט אַרויסלאָזן פון די הענט. צו באַרואיקן דעם צאָרן פון די אַרבעטער, האָט מען דעם טויט־אורטייל פון מונין און בילינגסן פאַרביטן אויף אייביקער טפיסע.

מען האָט אים פאַרזעצט אין סאַן־קוואַנטין פּריזאָן. זיין נאָמען איז שוין מער ניט געווען „מוני", נאָר „געפאַנגענער, נומער 31,921".

הינטער די גראַטעס, אין סאַן־קווענטין, איז מונים מוט נאָך אַלץ ניט געבראָכן. ער הייבט דאָרטן אָן אַרויסגעבן אַ צייטונג, „טאָם מונים מאָנטלי", און רייסט אויף מיט שטאַרקע פאַקטן דעם בילבל, פאַר וועלכן ער איז פאַר־מישפּט געוואָרן.

די באַוויירים, אויף דער פריי, דרוקן די צייטונג און פאַרשפּרייטן זי צווישן די אַרבעטער.

געלט־זאַק גיט אַ באַפעל צו זיינע דינער, אין טורמע, אַז מ'זאָל דערשטיקן טאָם מונים קאָל פון אויפשטאַנד. זיי טוען דאָס, וואָס מ'הייסט זיי:

מוני קריגט די שווערסטע טורמע־אַרבעט. פון פאַרטאָג ביז שפּעט באַ־נאַכט זיצט ער און שיילט קאַרטאָפל. דאָס צימערל איז קליין, טונקל און פאַרשטיקט. פייכטקייט רינט אַראָפּ פון די ווענט, און די ווענט זיינען מיט אַ גרינער קלעפּיקייט באַוואַקסן. ס'איז זיין שטראָף פאַר האַלטן הויך דעם קאָפּ און ניט אונטערגעבן זיך דעם אונטערדריקער.

ער ווערט געשימפּט און באַליידיקט. מ'גיט אים אַרבעט אין אַ שטריק־מיל, די ערגסטע אַרבעט, וואָס ס'קריגן די שווערסטע פאַרברעכער. ער בייגט צו דער אַרבעט דעם קאָפּ. זיינע געדיכטע שוואַרצע ברעמען כמורען זיך. די אויגן שמייכלען. ער הערט דאָ, הינטער די גראַטעס, דעם רוף פון זיינע אַרבעטער־ברידער:

— אַרבעטער! צעשמעטערט דעם מיעסן בילבול!

— פאָדערט די באַפרייאונג פון מוני און בילינגס!

ער שאָקלט צו איינשטימיק מיטן קאָפּ:

— אַזוי, אַזוי! ס'איז ניט בלויז מיין אייגענער קאַמף; ס'איז אייערער. אַ קאַמף אַנטקעגן דעם געלט־זאַק.

די פינגער פלעכטן ווייטער פלאַקס־פעדעם אין שטריק. די שטריק וועט צונויף קומען פאַרן אַרבעטער־סוינע.

## .6

# דער בילבול פּלאַצט. טאָם מוני זיצט נאָך אַלץ אין טורמע.

א קורצע צייט נאָכן פּראָצעס האָבן די פעדעם פון דער נעץ, וואָס האָט פארפּלאָנטערט כאָווער מונין, אָנגעהויבן צו פּלאַצן.

דער „שטאַרקסטער" איידעס קעגן אים איז געווען דער קיט־זיכער אָקסמאַן.

האָט מען אויסגעפונען אָט־וואָס:

אָקסמאַן איז גאָר יענעם טאָג ניט געווען אין סאַן־פראַנציסקאָ. ער איז גאָר דאַמאָלט געווען אין א שטעטל, וואודלאַנד, 90 מייל פון דעם פּאַראַד. געקומען איז ער אַהין אָפּקויפן קי און שעפּסן פון איינעם א מאַן, האַטשער. מיט דעם האַטשערן איז ער אַרומגעפאָרן איבער די פאַרמס אָנקוקן די סכוירע; נאָכדעם האָט מען געהאַט א מאָלצייט; נאָכדעם האָט אים האַטשער מיט זיין פרוי באַגלייט צו דער באַן, וואָס גייט קיין סאַן־פראַנציסקאָ. אין דער צייט, וואָס די באָמבע האָט אויפגעריסן, איז דער „איידעס" אָקסמאַן געווען אפן וואָקזאַל און געוואַרט אף זיין באַן.

מונים לאָיערס האָבן קוים אויסגעפירט בא האַטשערן מיט זיין פרוי, אז זיי זאָלן קומען קיין סאַן־פראַנציסקאָ און דערציילן דעם גאַנצן עמעס.

נאָך א מאַן, ריגאַל, פון גרייוויל, אילינוי, האָט צוגעשטעלט צו מונים לאָיערס דריי בריוולעך, וואָס אָקסמאַן האָט צו אים געשריבן.

---

## אָקסמאַנס א בריוול

Hotel Terminal, James H. Hoyle, Manager,
60 Market Street, San Francisco

Mr. Ed Rigall, Grayville, Illinois.

Dear Ed.—Hes been a long time since I hurd from you. I have a chance for you cum to San Frico as a Expurt Witnes in a very importat case, you will only haf to answer 3 & 4 questions and I will Post you on them. You will get milegage and all that a witness can draw, Probly 100 in the clear. It is all OK but I neew a witnese. Let me know if you can come, Jan. 3 is the dait set for trile. Please keep this confidential.

Answer hear. Yours truly, F. C. OXMAN

---

אָקסמאַן האָט געוואָלט באַשטעטיקן, אז ער איז טאַקע יענעם טאָג געווען באַם פּאַראַד. האָט ער אָנגערופן ריגאַלס נאָמען, אז ער איז מיט אים געשטאַנען אף א גאַסן־ראָג און געשמועסט. נאָכדעם האָט ער געשריבן בריוולעך אין גרייוויל, אז ריגאַל זאָל קומען צו מונים געריכט און איידעס זאָגן אז ס'איז

אַן עמעס, דאָס וואָס אַקסמאַן זאָגט. ער האָט אים צוגעזאָגט געלט און אַ פרייע רייזע קיין קאַליפאָרניע. ריגאַל איז טאַקע געקומען צופאָרן; נאָר זאָגן אַזאַ ליגן, אַז ער איז געווען אין סאַן־פראַנציסקאָ באַם פּאַראַד, ווען ער איז נאָר געווען אין אילינוי, האָט אים זיין געוויסן ניט געלאָזן. נו, איז מען אויסגעקומען אַן אים. דער קאָמיטעט פאַר „געזעץ און אָרדענונג" האָט זיך ניט גערעכנט מיט אַזאַ קלייניקייט...

נאָכדעם האָט דער פּאָליסמאַן הענד, וועלכער האָט „באַארבעט" די פאַלשע איידעס, אויסגעזאָגט דעם עמעס.

דער ריכטער, גריפין, וועלכער האָט געמישפּעט און פאַרמישפּעט מוני, איז שפּעטער אַרויסגעטראָטן און געזאָגט: ער איז איצט איבערצייגט, אַז די באַווייזן קעגן מוני זיינען געווען פאַלשע. ער האָט ניט געטאָרט פאַרמישפּעט ווערן.

אַלע דזשורי־לייט (אַ כוין איינעם, וואָס איז געשטאָרבן) האָבן געשיקט בריוולעך צום גאָווערנאָר, אַז זיי גלויבן שוין מער ניט אין מונים שולד און בעטן אים ער זאָל מונין באַפרייען.

אָבער מוני איז נאָך אַלץ געפאַנגענער נומער 31,921.

גאָווערנאָר נאָך גאָווערנאָר האָט זיך אָפּגעזאָגט אים צו באַפרייען, אָדער געבן אַ נייעם מישפּעט. —

פאַרוואָס?

גאַנץ איינפאַך:

דער גאָווערנאָר איז בלויז אַ דינער פונעם גאָלד־זאַק. טוט ער, וואָס זיין באַלעבאָס הייסט. יענעם לוינט זיך האַלטן דעם סוינע הינטער גראַטעס. אויף דער פריי איז ער אַ סאַקאָנע. זיי האָבן „פּאַרפּאַקט" דעם „ריכטיקן מאַן דורך פאַלשע באַווייזן".

עפּשער, ווען מוני וואָלט איינגעבויגן דעם רוקן און געבעטן בא זיי מעכילע, און צוגעזאָגט אַז אויף ווייטער וועט ער שוין זיין שטיל, ווי גראָז, וואָלטן זיי אים אַרויסגעלאָזן.

אַ דייגע זיי, וואו ס'וועט זיך וואַלגערן אַ צעבראָכענער שאַרבן!

אָבער מוני איז פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן. 18 יאָר טורמע האָבן זיין מוט ניט געבראָכן. ער האַלט נאָך הויך דעם קאָפּ און מאָנט:

— ניט קיין מעכילע וויל איך, ניט קיין פּאַראָל. איך וועל בעסער פוילן דאָ, אין טורמע. פּאַראָל — איז פאַר שולדיקע. איך בין ניט שולדיק!

ער וואַרט אין סאַן־קוואַנטין אויף זיינע עמעסע באַפרייער, די אַרבעטער. פאַר זיי האָט ער געקעמפט, פאַר זיי האָט ער געליטן. פאַר זיי וועט ער ווידער קעמפן, ווען ער וועט זיך אַרויסרייסן פון זיינע קייטן.

וואָס איז פאַר אים אַכצן יאָר טורמע? אַז ער איז גרייט אַפילו אָפּצוגעבן זיין גאַנץ לעבן...



.7

## דער קאַמף גייט אָן !

ווינטער, יאָר 1934.

עס ציט זיך א לעווייע־פּראָצעסיע אין סאַן־פראַנציסקאָ. לעבן די טויערן פון סאַן־קוועגטין טורמע שטעלט זיך דער טויט־וואָגן א ווײַלע אָפּ. פון דער הויך, פון א שמוציק פענצטערל, פארגראַטעוועט מיט אייזנס, קוקט ארונטער א פּאָנעם פון א געפאַנגענעם. זיינע געדיכטע שווארצע ברעמען כמורען זיך. ער פארבייסט מיט ווייטיק די ציינער אין די ליפּן.

מוני באַגלייט מיט די אויגן, אפן וועג צום קייווער, זיין אַלטע מאַמע.

84 יאָר איז די בראַווע מאַמע־מוני אַלט געווען. ניט קוקנדיק אָף איר הויכן עלטער, האָט זי ניט גערוט ביז איר לעצטער מינוט, געקעמפט פאר איר זונס באפרייאונג. זי האָט די גאַנצע צייט געגלויבט אין דער אומשולד פון איר טאַמין.

אין דער רויטער מאָסקווע קומט פאָר א וועלט־צוזאַמענפאָר פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער רויטער הילף". זי, מיט נאָך א מאַמען פון געלט־זאַקס קאָרבן, אַדאַ רייט (איר זון איז איינער פון די ניין „סקאַטסבאָראָ־אינגלעך"), פאָרן קיין מאָסקווע. מען נעמט זיי אויף מיט פּאַראַד. רויט־אַרמייער סאַלו־טירן זיי. אַרבעטער שווערן: ניט אויפגעבן, נאָר פארשטאַרקן דעם קאַמף פאַר זייערע מאַרטירער.

די צוויי מאַמעס פאָרן אַרום איבער די לענדער פון אייראָפּע: אומעטום — אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, דעמאָנסטראַציעס. די מאַמעס רופן זיי און באַגייסטערן: צום קאַמף און צום זיג.

דעם 30סטן אַפּריל, יאָר 1933, קומט פאָר א טאָם מוני צוזאַמענפאָר אין שיקאַגאָ. הונדערטער דעלעגאַטן פון אַלע שטעט פון לאַנד, צווישן זיי אויך די בראַווע מוטער, מוני.

— מיין זון איז אייערער. פאַר אייך האָט ער געליטן; און איר קענט אים באַפרייען.

איצט איז זי טויט. מ'האָט זיך געווענדט צו די פאַנגער, אַז זיי זאָלן אונטער אַ וואַך אַרויסלאָזן פון סאַן־קוואַנטין איר זון. אַף אַ ווײַלע בלויז, ער זאָל זי באַגלייטן צו איר אייביקער רו. נאָכדעם — צוריק אין טורמע.

די פאַנגער האָבן אָפּגעזאָגט.

— ניין! זאָל ער בעסער דורך דער גראַטע קוקן. עפּשער וועט דאָס ברעכן זיין איינגעשפּאַרטע נאַטור.

זעט מוני:

דער וואָגן רירט זיך פון אָרט. פאָרט ווייטער. פאַרשווינדט. ס'גייט נאָך אַן אוילעם מענטשן. זיינע ברידער־אַרבעטער. פורעם־גיסער, קאָנדוק־טאָרן, מאָטאָר־לייט, אַרבעטער בא גאַז און עלעקטריע. ניט איין זון, נאָר אַ סאַך — אַ סאַך האָט זיין מאַמע איבערגעלאָזט.

דער קאַמף פאַר איר טאַמיס באַפרייאונג איז אויך איבערגעבליבן אין זיכערע הענט.

קומט דער ערשטער מיי־יאָנטעוו. אַרבעטער מאַרשירן אין די גאַסן. זיי טראָגן פּלאַקאַטן, שרייען אויס לאָזונגען; און איינער פון זיי איז:

— טאַם מוני מוז זיין פריי!

גייען אַרבעטער אַרויס פּראָטעסטירן אַנטקעגן הונגער און אַרבעט־לאָזיקייט, לוין־שניטן און ספּיד־אַפּס, פאַשיזם און מילכאָמע; איז צווישן



אַ דעמאָנסטראַציע מיט מוטער מוני פון קינדער און דערוואַקסענע אין קעמפּ קינדערלאַנד.

